# פּערל פון תנ״ך

געזאַמעלט פון פאַרשידענע ספרים

צוזאַמענגעשטעלט און בעאַרבייט

— פון —

הרבנית מנוחה ר. פעלדמאַן





לאָס אַנדזשעלעס, קאַליפאָרניא

1936

# פערל פון תנ״ך

געזאַמעלט פון פאַרשידענע ספרים

צוזאַמענגעשטעלט און בעארבייט

—— פון ——

הרבנית מנוחה ר. פעלדמאַן

---



---

לאָס אַנדזשעלעס, קאַליפאָרניא

1936

# פאָרוואָרט

דער לירישער און מאָראַלישער אינהאַלט פון תנ"ך, איז פון מיינע קינדער יאָרן אָן, פאַר מיר געווען אַ קוואַל פון ענטציקונג און הינרייסענדער בעגייסטערונג. עס איז געוואָרען מיין אידעאַל, די הויכע מאָראַל פון דער ביבעל און תלמוד זאָל אין בעוואוסטזיין פון פאָלק וואָס מעהר אריינדרינגען. אין דיעזען לאַנד וואו פּלע־זשור זוכען פאַרנעמט די גרעסטע טייל פון דער פרייהער צייט, און פאַר גייסטיגעס בלייבט גאָר קיין צייט. מאַנכע וואָלטן וועלן פילייכט אין זייער פרייער צייט מעהר באַקאַנט ווערען מיט דער אידישער זיטענלעהרע, מיט איהרע אידעאַלען פון אמת און וואַרהאַפטיגקייט, מיט אַ סאָציאַליזם באַזירט, ניט אויף מאַרקסיזם, נאָר אויף די סאָציאַלע לעהרען פון דער ביבעל, וואו דער אידעאַל פון סאָציאַ־ליזם קען פאַרווירקליכט ווערען אין די ראַמען פון דער תורה און נביאים, ווענעס סאָציאַלע לעהרען נאָכצופאָלגען גערעכטיגקייט זיינען העכסט אידעאַליסטיש. זיי געפינען אָבער קיין פּאַסיגען בוך די העברעאישע שפּראַך איז זיי פרעמד און מוסר ספרים איז ניט סטיילִיש. דאָס האָט מיר בעוועגען ארויסצוגעבען דיעזען בוך, וועלכער ענטהאַלט געקליבענע פּערל פון אונזערע נביאים און חכמים, צוגעפּאַסט צו טאָג טעגליכע לעבענסטהעמעס; יעדע טהעמע ווערט בעהאַנדעלט מיט פּאַסענדע פּסוקים און מאמרי חז"ל, און יעדער פסוק און מאמר איבערזעצט אין אַ דייטליכען אידיש. די שריפטען פון רבי דר. יעקב האמבורגער זצ"ל האָבען מיר לייכט געמאַכט אָנצוצייגן וואו יעדער פסוק און מאמר געפינט זיך, אום דער לעזער זאָל גלייכצייטיג שטודירען די ביבעל — און דאָס וועט זיין מיין לאהן פאַר מיין לאַנגיעהריגע ארבייט.

די פערפאַסערין.

צום אנדענקונג פון מיינע ליבע עלטערען וועמעס פרומע לעה־רען האָבען אין מיר געפלאַנצט ליבע צו ביבעל און תלמוד, איז דיעזע שריפט געווידמענט.

אבי מורי צדיק גאון אמתי

הרב דוב משה פלונגיאנער ז"ל

„בעל המחבר ספר דברי משה על הש"ס"

ואמי מורתי חיה רחמה בת הגאון המפורסם

ר' זבולון ליב זצ"ל מפלונגגיאן.

---

**אינהאַלטס פערצייכניס:**

# אידען

דער אידישער נאָמען איז: „ישראל, אויך בני ישראל, יהודים, עברים". דער נאָמען ישראל באַדייט גאָטסקעמפּפער. צום אנדענקען פון זיין קאַמף און זיעג איבער די הימעלשע מעכטע, האָט יעקב געקראָגען דעם נאָמען ישראל, וועלכע איז אַ צוזאַמענזעטצונג פון ישר און אל. דער נאָמען יעקב דערמאָנט אויך אן אַ קאַמף וועלכע גיט דעם פּאָרצוג פון גייסט איבער פיזישע מאַכט.

דער פּאָעטישע נאָמען איז „ישורון" און אויך ישרים, עס זאָל מיין זעעלע שטאַרבען דעם טויט פון ערליכע און זאָל זיין מיין ענדע ווי זיינע. במדבר כ"ג. נאָכדעם ווי דאס קעניגרייך פון ירבעם מיט ישראל זיינען צוטיילט געוואָרען, האָט דער נאָמען ישראל בעצייכענט די אידען פון שבט, וועמעס קעניגע האָבען זיך אים געגענזאַץ פון מלכי יהודה גערופען ישראל. דער נאָמען יהודה פון שבט יהודה, וועלכע איז אויך דער אלגעמיינער נאָמען פון אידישען פאָלק.

עברים באַדייט יענזייטיגע אָדער איינגעוואַנדערטע. זאָנסט איז דער נאָמען ישראל געבליבען דער עהרען נאָמען אויך נאָך דער צושטערונג פון אידישען רייך, און האָט אויך פיגורירט אויף די מאקאבייאישע מינצען.

גאָט האָט ערוועהלט די אידען ניט צוליב זייער גרויסקייט אין צאָהל נאָר ווייל דורך אברהם האָבען זיי זיך ערהויבען צו דער אידעע פון איינציגען גאָט. און אברהם וועט ווערען צו אַ גרויסע און מעכטיגע נאַציאָן, דען איך האָב אים ערקענט, אום ער זאָל באַפעהלען זיינע זיהן און זיין הויז נאָך אים, דאס זיי זאָלען היטען גאָט'ס וועג צו טאָן גערעכטיגקייט און רעכט. אום דער עוויגער זאָל ברייננגען איבער אברהם, וואָס ער האָט גערעדט איבער אים. בראשית יח יח — יט. דאָס מיינט ישראל האָט די אויפגאַבע צו דינען אלס לעבעדיגער מוסטער צו אַלע נאַציאָנען. אויך דער נאָמען אברהם באַדייט פאָטער פון פילע פעלקער און איר זאָלט היטען, און איר זאָלט זיי טאָן, דען דאס איז אייער קלוגהייט און אייער פערשטאַנד פאַר די אויגען פון די פעלקער, וועלכע וועלען הערען דיזע אַלע גע־

זעצן, און זיי וועלען זאָגען: וואהרליך, א קלוגעס און פערנינפ־טיגעס פאָלק איז דיזע גרויסע נאציאָן! דען ווער איז א גרויסע נאציאָן, וועלכע האָט גאָט נאָהענט צו אים, ווי אונזער גאָט און ווער איז א גרויסע נאציאָן, וועלכע האָט גערעכטע געזעצען און רעכטע ווי דיזע גאנצע לעהרע דברים ד ז־ח. נאָך דייטליכער ווערט דער צוקונפטס בילד וועגען ישראל: און עס וועלען געהן פילע פעלקער און וועלען זאָגען איינער צום אנדערן, לאָמיר געהן צו דער הויז פון יעקב און ער זאָל אונז לערנען פון זיינע וועגען, דען פון ציון געהט די לעהרע און גאָטס וואָרט פון ירושלים. ישעיה ב. ג.

איך, גאָט, האָב דיר בערופען צו גערעכטיגקייט, האָב דיר גע־פאסט ביי דער האנד. איך האָב דיר בעשאפען, דיר געזעצט צום בונד פון פאָלק, צו א ליכט פאר די נאציאָנען. ישעיה מב ו. ער ווערט ניט מיד ביז ער וועט פעסטשטעלען אויף דער ערד דאָס רעכט און צו זיין לעהרע וועלען פעלקער האָפען און וואַרטען ד. ז. מב ה. די היסטאָריע פון דעם אידן איז די היסטאָריע פון א רעליגיאָנס אידעע. פון איר מיטע זיינען געקומען די לעהרער פון אירע אמת'ן. מענער פון בעגייסטערטען וואָרט, וועמעס גייסטעס שטראַלען האָ־בען דורכגעדרונגען די וועלט, גאָט און טוגענד אין די הערצער פון די פעלקער געפלאנצט. אין דער צייט פון אברהם ביז משה געפאלט דער אָנפאנג פון אונזער געשיכטע, די פערשפרייטונג פון גאָטעס אידעע, פון משה ביז קעניג שאול די איינאָרדנונג צום פאָלק און שטאאטס לעבען. אין דער צייט פון די ריכטער ווען דאָס פאָלק האָט פערלאנגט א קעניג האָט שמואל אָנגעוויזען דאס גאָט איז זיי־ער קעניג, און דאס קעניגטום ביי אידען איז נאָר אויסצופיהרען גאָט'ס געבאט. די שפּעטערדיגע אידישע מלכים מיט דעם אויס־נאם פון דוד און שלמה זיינען אוועק וייט פון גאָט און זיין תורה און מאנכע האָבען אויך איינגעפירט געטצענדינסט אין בית המקדש. אומזיסט האָבען די נביאים זיי געווארענט, דאס דורך זייער אוועק־ווענדען פון דער תורה, וועט דאָס אידישע קעניגרייך אונטערגעהן.

אזוי איז געפאלען דאס אידישע רייך דורך בבל און אשור, אָבער דעם פאָלק און זיין תורה האָט עס ניט געטראָפען. דאָס פאָלק

האָט זיך צוריקגעקערט צו גאָט און דאס היידענטום איז בעזיגט געוואָרען. דער צוועק פון קריעג איז געווען די זיכערונג פון דער רעליגיאָן. ווען דאס צווייטע קעניגרייך איז אויפגעבויט געוואָרען דורך עזרא און נחמיה, האָט ישראל ווידער געמוזט פירען אַ קאַמף געגען דעם איינפלוס פון היידענטום און גריכענטום.

עס איז געווען די הערשאפט פון העלעניזמוס וועלכע האָט גע־זוכט די אידישע תורה צו פערשטויסען, אויך דער קריעג מיט רוים האָט געטראָגען אַ מעהר רעליגיעזען ווי אַ פּאָליטישען כאַראַקטער. די צושטערונג דורך רוים פון צווייטען בית המקדש האָט דעם אי־דישען פאָלק און איהר תורה ניט פערניכטעט. דער בעוויז די איבער 1800 יעהריגע עקזיסטענץ און שטענדיגע ענטוויקלונג. די תלמוד לעהרער האָבען געלייגט דעם גרונד צום רעליגיעזען בוי וועלכע האָט דעם אידען אין זיינע פערפאָלגונגען גאנצע יאָהרהונדערטע בעהיט און בעשיצט.

דער רוימישער קייזער האָט אַמאָל אויסגעדריקט זיין בעוואונ־דערונג צו רבי יהושוע בן חנניה, מיט די ווערטער: „גרויס איז דער לאַם וועלכע קען זיך האַלטען אונטער 70 וועלף"! האָט אים דער תנא באַלד געענטפערט: „גרויס איז דער הירט וועלכע רעטעט זיי און באַשיצט זיי!" „יעדע וואפע וועלכע ווערט געשארפט געגען דיר וועט ניט בעגליקען" ישעיה נד. יז.

דער פראנצויזישער אַטעאיסט פון 18טן יאָהרהונדערט, וואָל־טער, האָט אַמאָל געפרעגט ביי אַ בערלינען גלח, וועלכע בעווייזע ער האָט איבער די עקזיסטענץ פון גאָט. האָט דער גלח אים באַלד געענטפערט: דער בעסטער בעווייז זיינען די אידען. דען זייט נאָך דער צושטערונג פון זייער לאַנד, האָט מען פאסט אין יעדען לאַנד און אין יעדען דור געזוכט זיי צו פערניכטען און עס איז ניט גע־לונגען. איבעראַל וואו די אידען געהען געמט מיט זיי די שכינה אין מצרים. שמואל א. ב. כ"ז אין עילם ירמיה מט, לח. אין בבל ישעיה מ"ג י"ד.

# אידענטהום

דער נאָמען „אידענטהום״ צום אונטערשייד פון „אידען״ בע־דייט די אידישע רעליגיאָנס־לעהרע. עס בעצייכענט: די תורה, די נביאים, און די שפּעטערדיגע אידישע שריפט, ווי עס איז געקומען צום פּראַקטישען לעבען. עס איז אַ פּראָדוקט פון 3000 יעהריגען גייסטיגען שאַפען, וועלכע האָט אויסגעבויט אַ גרויסאַרטיגע קול־טור וועמעס אויפגאבע עס איז געוועזען אויסצובילדען די מענש־הייט צו ערקענען גאָט און פאר די ווערק פון מענשענליבע און זיט־ליכקייט צו בעגייסטערען. עס איז די הויכע מאָראַל פון דער ביבעל, וועלכע האָט דאס קריסטענטום און איסלאַם מיט זיינע לעהרען אויס־געשטאַטעט. די געזעצע פון דער אידישער תורה באַשטעהט ניט נור אין דינסט צו גאָט, נור אויך געגען מענשען. אונזער פאָרמו־לירונג פון געזעץ איז בעגרינדעט אויף די שטימע פון האַרצען און איז דעריבער דורכגעדרונגען מיט יושר און גערעכטיגקייט. און אומזיסט זוכען מיר אַזאַ רעכט בעשטימונג ביי אַנדערע פעלקער. עס איז ניט דאס רוימישע רעכט וועלכע האָט צום שפּרוך:
"Fiat justitia pereat mundus,"

„רעכט זאָל געשעהן אויך ווען די וועלט געהט אונטער״!

ביי אונז קומט אין בעטראַכט די צייט און די אומשטענדען. ביי אונז דאָס וואָרט, צדק, הייסט „וואָהלטהעטיגקייט״ און אויך „גערעכטיגקייט״. דאס רעכט עקזיסטירט פאַר דעם מענשען, אָבער ניט דער מענש פאַר דאָס רעכט; עס איז גענוג צו דערמאָנען דעם געבאָט „איין לעהרע און איין רעכט זאָל פאר אייך זיין און פאר דעם פרעמדען וועלכער האַלט זיך אויף ביי אייך״ במדבר טו, טז.

דאס רעכט זוכען הייסט גאָט אָנפרעגען, שמות יח, יט, לערנט גוטעס טהאָן. אונטערזוכט ריכטיג דאס געריכט, פיהרד דעם גע־רויבטען אין רעכטען וועג, אום ער זאָל ניט בערויבט ווערען, שאַפט רעכט דעם יתום, שטרייט דעם שטרייט פון דער אלמנה, ישעיה א, יז. אזוי זאָגט גאָט: „טוט רעכט און גערעכטיקייט, און רעטעט דעם בערויבטען פון רויבערס האַנט״.

דעם פרעמדען זאָלט איהר ניט נארען און ניט בערויבען.
ירמיה כב, ג. און איך האָב בעפוילען אייער ריכטערס אין יענער
צייט, זאָגענדיג:

הערט די שטרייטזאַכען צווישען אייערע ברידער, און איהר
זאָלט ריכטען מיט גערעכטיגקייט צווישען א מאַן און זיין ברודער
און צווישען זיין פרעמדען. איהר זאָלט ניט דערקענען קיין פּער־
זאָן אין געריכט, ווי דעם קליינעם אזוי דעם גרויסן זאָלט איהר
אויסהערען; איהר זאָלט ניט פירכטען פאר א מאַן, דען דאס גע־
ריכט איז גאָטעס. דברים א, טז, יז. דו זאָלסט ניט בייגען דאס רעכט
און זאָלסט ניט נעמען בעשטעכונג. גערעכטיגקייט, גערעכטיג־
קייט זאָלסטו נאָכפאָלגען, אום דו זאָלסט לעבען דאסז. טז, יח־כ.

מיר זעהען פון דעם דאס די געזעטצע קעגען מענשען זיינען
ניט וויניגער הייליג ווי די געגען גאָט. דעם העכסטען גלאַנץ־
פונקט ערייכט דאס אידענטהום אין איהר זיטען־לענרע, אָדער די
לעהרע פון גוטען און בייזען, וועלכע צופאלט אין 3 טהיילען: די
פליכטען פון מענשען און צו זיך, צו זיין פאַמיליע, נעבען מענשען
און שטאַאט. די געזעטצע פון מענשען צו זיין פאַמיליע בעווייזען
דעם געוואלטיגען אונטערשייד פון יודענטהום איבער די גריכען
און רוימער פון אַלטערטום, ביי וועמען די שטעלונג פון מאַן צו
זיין פאַמיליע איז געוועזען ווי פון אַן אונבאשריינקטען טיראַן. די
פרוי ביי די אָריענטאַלישע פעלקער איז געוועזען אין גאנצען אב־
היינגינג פון דעם ווילען פון מאַן. איבער די קינדער האָט דער
פאָטער געהאַט פולע רעכט צו בעשטימען איבער זייער לעבען און
טויט. דאָס אַלטערטום אויף די הויכקייט פון איר ציוויליי־
זאַציאָן אין גריכענלאנד און רוים; האָט געזעהן אין קינדער נור די
פערגרעסערונג פון אייגענטום, און זיי בעהאַנדעלט גלייך ווי זאכען.
גאָר אַנדערש בעציט זיך די ביבעל צו קינדער וועלכע בעטראַכט
זיי אלס שטיצע פון גאָטס רייך תהלים ח, ג, ביי אידען האָבען די
עלטערען קיין רעכט צו בעשטימען איבער זייער לעבען און, אין
פאַל פון ווידערשפּענסטיגקייט, זאָלען זיי ברייגנען די קלאַגע צו די
עלטסטע פון שטאָדט. דברים כא, יח.

די ביבעל ברייננט א רייהע שינע ביישפילע פון עלטערן־ליבע צו קינדער:

נח ווערט געבאָרן און די עלטערן זעהען אין אים זייער טרייס־טער און בעפרייער פון שווערע ארבייט. בראשית ה, כט. ווי ריה־רענג דאיז גאָט'ס רוף צו אברהם, ווען גאָט בעפעהלט אים צו בריינ־גען זיין זוהן יצחק אלס אָפּפער. אויך די קינדליכע הינגעבונג יצחק'ס נאָכדעם ווי ער הערט די ווערטער פון זיין פאָ־טער „צום אָפּפערן מיין זוהן"! ווי האַרציג איז דאָס גע־פיהל יעקב'ס געגען יוסף אין זיינע ווערטער: „דען איך וועל ארונ־טערגעהן צו מיין זוהן טרויערענדיג אין גרוב! דאסז. לז, לה. גע־גען בנימין, ווען איך וועל קומען צו מיין פאָטער אָן בנימן „און זיין זעעלע איז געקניפּט אין זיין זעעלע" און ער וועט זעהן דער איננגעל איז ניטאָ; וועט ער שטארבן דאָסז. מד, ל־לא, גרויס איז די פערצווייפלונג פון יפתח דערזעהענדיג זיין איינציגע טאָכטער, ווענען ער האָט א נדר געטהאָן צו אָפּפערן. שופטים יא, לה. און וועלכע צערטליכקייט אין דער בערוהיגונגס רעדע פון דער טאָכ־טער. כאַראַקטעריסטיש פאר דאָס גאנצע, איז דער פערגלייך פון עלטערן־ליבע מיט גאָט'ס ליבע געגען ישראל: „גאָט האָט דיר געטראָגען, ווי א מאַן טראָגט זיין זוהן, דברים א, לא. ווי א פאָ־טער ערבאַרמט זיך איבער זיינע קינדער, אזוי ערבארימט זיך גאָט, איבער די וועלכע פירכטען פאר אים, תהלים קג, יג. די ליבע צו דער וועלט האָט גאָט געגעבן אין זיין האַרץ; דאָס הייסט, די ליבע וועלכע מיר ערלאנגען דורך די ליבע צו די קינדער. די קינדער זיינען די „טרעגער און פאָרטפלאַנצער פון אונזער נאָמען, משלי יז. די אויסברייטער פון אונזער פאַמיליע, פלעגער און טרייסטער אויף די אַלטע יאָהרען, רות טז, ג, יורשים פון אונזערע ערווארבענע, תהלים יז, יד. די עלטערן־ליבע איז געוואָרען א שפּריכוואָרט: איז דען דאָ א פאָטער וועלכער האסט זיין זון? סנהדרין 105. יעדען בעניידעט דער מענש אָבער ניט זיין זון! די קינדער זיינען די צי־רונג פון די עלטערן ווען גוט ערצויגנען".

# קינדער ערציהונג

עס ווערט געבאָטען די קינדער אזוי פרי ווי מעגליך, בעקאנט צו מאַכען מיט: דעם גלויבען אין גאָט, לאהן און שטראפע אין עווינען לעבען, צו בריינגען זיי צו גוטע טהאטען און מיט גוטע ביישפילע זיי צו צייגען. די אויסבילדונג פון זיטליכען כאראקטער איז די ערשטע אויפגאבע פון דער ערציהונג, און דו זאָלסט זיי איינשארפען צו דיינע קינדער, און דו זאָלסט רעדען ווענען זיי, ווען דו זיצט אין דיין הויז, ווען דו געהסט אין דיין וועג, ווען דו געהסט צו בעט, און ווען דו שטעהסט אויף. דברים וז, און ווען דיין זוהן וועט דיר פרעגען מאָרגען, וואָס איז די צייגנים און די רעכטען, וועלכע גאָט האָט אויך בעפוילען צו טהאָן? זאָלסטו זאָגען צו דיין זוהן: דער עוויגער האָט אונז בעפוילען צו טהאָן דיזע אַלע געזעטצע, אום עס זאָל אונז גוט זיין אַלע צייטען. דאָסז. וכ־כא. זאָגט גאָט צו משה: פערזאמעל דאָס פאָלק, די מענער, די פרויען, די קינדער, אום זיי זאָלען הערען און זאָלען לערנען, און זיי זאָלען פירכטען פאַר גאָט דאָסז. לא, יב. און די קינדער, וועלכע האָבען ניט געוואוסט, זאָלען הערען, און זיי זאָלען לערנען צו פירכטען ג׳ אין אלע צייטען, דאָסז. יג. גאָט האָט געשטעלט איין עדות צו יעקב און די תורה האָט ער געגעבען צו ישראל: וואָס ער האָט געבאטען אונזערע עלטערען זיי זאָלען מאַכען וויסען צו זייערע קינדער, אום דער שפּעטערדיגר דור זאָל וויסן, די קינדער וועלכע וועלען געבאָרען ווערען,, וועלען דערציילען צו זייערע קינדער. תהלים עח, ה.

דען די אבזיכט פון דעם מענשענס הארץ איז שלעכט פון זיין יונענד אָן. און די געדאנקען פון זיין הארצען זיינען בייז דעם גאַנצען טאָג, בראשית ח, כא, זיינען די ביבלישע אויסשפריכע, איבער די יוגענד וועלכע נעהמט לייכט איבער שלעכטע איינדריקע; דארום זאָגט שלמה המלך, מען זאָל זיך ניט צוריקהאלטען פון בעשטראָפען אַ קינד. שטראָף דיין זוהן וועט ער דיר פערשאפען רוהע און געבען פרייד צו דיין זעעלע. משלי כט, יז.

די רוט און שטראָף רייד, פערלייט ווייזהייט, אָבער דאָס קינד וועלכע איז צו זיך אליין איבערגעלאָזען, פערשאפט זיין מוטער שאנדע. דאסז. כט, טו. ווען שלעכטס איז אָנגעקניפּט אן די הארץ פון דעם קינד, מוז די רוט און שטראָף־רייד אים פון דעם ערוויי־טערן. דאָסז. כב, טו. ווער עס שפּאָרט די רוט, האסט זיין זוהן, אָבער ווער עס ליבט אים, שטראָפט אים, דאָסז. יג, כד. דו זאָלסט ניט צוריקציהען פון דעם קינד די שטראָף, ווען דו שלאָגסט אים מיט דער רויט שטארבט ער ניט, דאָסז. כג, יד. שטראָף דיין זוהן ווען עס איז נאָך דאָ האָפענונג, ועסטו ניט ווינשען ער זאָל בעסער זיין טויט, דאָסז. יט, יח. די גאטעספורכט איז די קוועלע פון לע־בען, אויסצווייכען דעם נעץ פון טויט, אָדער שלינגע, דאָסז. יג, יד.

דער פראנצויזישער אטעאיסט פון 18טען יאָהרהונדערט, וואָל־טער, האָט אמאָהל געזאָגט:

"Si Dieu n'existant pas, il faudrait cre'er"

ווען עס וואָלט קיין גאָט עקזיסטירט, וואָלט נויטיג געווען איינעם צו בעשאפען, דען די מורא פאר גאָט, איז אַ שוצוואַך געגען זינד און רשעות.

די וויטערדיגע לעהרען איבער ערציהונג האָבען מיר אין תלמוד, איבער די וויכטיגקייט פון דעם, זיינען די פאָלגענדע אויס־שפּריכע: ווען דאס קינד קען רעדען, זאָל דער פאָטער אים לערנען תורה. די וועלט בעשטעהט נור דורך דעם הויך פון תלמוד תורה קינדער, שבת ב119. מען זאָל ניט שטערען דאָס לערנען פון די קינדער, ווען עס זאָל אויך זיין צוליב דעם בוי פון מית המקדש, דאסז. די שטאָדט וואו עס איז ניטאָ קיין תלמוד תורה זאָל מען עס צושטערען, דאָסז. מען זאָל ניט וואהנען אין אַ שטאָדט אין וועלכע עס איז ניטאָ קיין קינדער־לעהרע, סנהדרין ב 17. די רע־ליגיעזע ערציהונג פון קינד בלייבט אין הארצען און פערהעלפט אונז צו זעליגקייט, פסחים 113. ווער עס ערציהט זיין זוהן צום תורה שטודיום, עסט די פרוכט אויף דער וועלט, און קרן קימת בעולם הבא, שבת 127.

די קינדער זיינען די צירונג פון די עלטערען ווען גוט ערצוי־

גען. די עלטערען לעבען ווייטער אין גוט ערצויגענע קינדער.

א גוטע ערציהונג איז די גרונדלאגע פאר די שפעטערדיגע זיטליכע אויסבילדונג, חגיגא 16. פון גרויסער וויכטיגקייט איז די ערציהונג פון טעכטער.

מיט דעם נאָמען „בית יעקב" (אידישע הויז) ווערט אויך גע־רופען די אידישע פרוי. דען נאָך דעם גייסט פון דער פרוי ווערט געפירט די הויז און נאָך איר איינפלוס די פאמיליע; די קלוגקייט אָדער טוגענד פון דער פרוי בויט די הויז, איהרע גוטע טהאטען ברייגנען זעגען צו איהר פאמיליע און איהר הויז ווערט געבויט אויף אייביג, אָבער איהר בייזהייט צושטערט איהר הויז און ברייגנט אומגליק צו איהר פאמיליע, משלי וד, א.

# די פאַמיליע

די פאַמיליע ווי זי איז ביי אידען ביז דער יעצטיגער צייט, האָט זיך אויסגעצייכנט: דורך פריעדליכען צוזאמענלעבען פון מאַן און פרוי, דורך געגענזייטיגער איבערגעבענהייט פון עלטערען צו קינדער, הילף און בעזאָרגונג פון אָרעמע קרובים. די תורה מיט איהר פרינציפּ פון היילינקייט און פרייהייט, איז געוועזען דער באָ־דען אויף וועלכע די פאַמיליע איז אזוי הערליך אויסגעוואקסען און אַזעלכע שיינע בליטען געטראָגען. די פאַמיליע איז שוין אין אל־טערטום באַטראַכט געוואָרען פאר דעם באַזיס פון דער שטאַאט, אָבער איר שטעלונג אין דער שטאַאט איז ניט געווען קיין זעלבסט־שטענדיגע. עס האָט געפעלט דער מאָראַלישער פּרינציפּ פון דער פאַמיליע. מיר דיינקען דערביי אויף שפּארטא, וועלכע האָבען ער־קלערט קינדער און עלטערען, מאַן און פרוי פאַר שטאַאַטס אייגענ־טום אָן אינדיווידועלע רעכטע. „צוואַנג" איז געוועזען דער באַ־זיס פון שטעלונג פון פרוי צום מאַן, פון קינד צום פאָטער, פון שקלאַפען צו זיין הערן. אויך אין גריכענלאנד און רוים זיינען די געזעטצע געגען די פאַמיליע ניט פיעל מילדער געוועזען.

צו בעהאַנדלען די קינדער אזוי ווי שקלאַפען איז געוועזען אזוי

אלגעמיין, דאס אויך אריסטאָטעלעס האָט עס געהאַלטען פאַר ער־לויבט. גאַנץ אַנדערש איז ביי אידען.

דער ליעבעסבאַנד פון מאַן און פרוי, גילט דעם נביא אַלס בילד פון גאָט'ס פערבינדונג מיט דעם מענשען אין אַלגעמיין און ישראל בעזונדערס. „איין פאָטער האָבען מיר אַלע, איין גאָט האָט אונז בעשאפען, ווארום זאָלען מיר טריילאָז זיין איינער געגען דעם אַנדערען, גאָט'ס בונד צו פאַרשוועכען!" מלאכי ב.

די ליבע פון אידישע עלטערען צו קינדער פערגלייכט די ביבעל מיט גאָט'ס ליבע צו ישראל: גאָט האָט דיר געטראָגען ווי אַ פאָטער טראָגט זיין זוהן; דברים א, לא. די קינדער ווערען בעטראַכט אַלס ברכה פון הויז און פאַמיליענלעבען, תהלים קנ, יג.

„פאַרגעסט דען אַ פרוי זיך צו ערבאַרמען איבער איר קינד, אויך אויב זי פאַרגעסט עס, איך פאַרגעס דיר ניט!" ישעיה מד, מה. אויף דאָס געהאָרכזאַם צו די עלטערען בויט זיך די פאַמיליע, גע־זעלשאפט און שטאַאַט. אין בעצוג אויף ישראל: „דען ווי אַ פרוי פערלאָזען און געביינטען געמיט, האָט דיר גאָט גערופען און ווער פערוואָרפט דען די פרוי פון זיין יוגענד!" ישעיה נד, ו.

די תורה נאָך איר פרינציפּ פון פרייהייט, הייליגקייט, און באַרמהערציגקייט, איז געוועזען די שטאַאַט צו וועמען די פאַמי־ליע האָט אָנגעהערט, אין וועלכע זי האָט געפונען שוץ און רעטונג אין די יאָהרהונדערטע פון פערפאָלגונגען. ווען דער איד איז דרויסען פון יעדען צוריקגעשטויסען עגוואָרען, אָן רעכט און מענ־שענווירדע, צו שפּאָט און צו שאַנד אויסגעזעצט, האָט ער געביינען זיין הויז אויפגעזוכט; די היים איז פאַר אים געוועזען אַ גן עדן. די פאַמיליע האָט אים רייכליך ערזעצט. דאָס וואָס די דרויסענ־וועלט האָט ביי אים אַוועקגעריסען און פערניכטעט. פון זיין הויז זיינען ארויסגעקומען די געלערטעסטע און קליגסטע מענער, ווע־מעס נאָמען די קולטור געשיכטע פון מיטעלאַלטער האָט אזוי גלאָר־רייך פאַרצייכענט. עס איז געוועזען די פאַמיליע, וועלכע האָט דעם אידען ניט פערקימערט צוזאַמענגעבראַכען. ווען מען האָט אים נעדראָהט פון אויטסייד זיין לעבען צו פאַרלעססען; עס איז גע־

ווענן די פאמיליע וועלכע האָט אַ גאַנצעס פאָלק אָן אַ לאַנד און אָן אַ שטאַאַט אויפגעהאַלטען, געבילדעט און ארויסגעשיקט שלוחים צו לעהרען די גאָטעסקענטניס. עס איז געוועזען די הערשאפט פון מאָראַלישען פרינציפּ וועלכע האָט דאָ געגילט און אַזעלכע וואונדערגעשטאַלטען פון זיך ארויסגעגעבען. אין דער ביבעל ווערט מיט דעם נאָמען „פאַמיליע” באַצייכענט אַ גאַנצער שטאַם, אויך אַ גאַנצע פאָלק.

## די אידישע פרוי

די שטעלונג פון דער פרוי בילדעט אַ שיינעם בלאַט אין תנ"ך, וועלכע ווערט נאָך היינט מיט אַ קולטור היסטאָרישען אינטערעס געלעזען. שוין אין דער ערשער אבשניט פון דער ביבעל ווערט די פרוי באַטראַכט אַלס אַ טהייל פון מאַן. בראשית ב, כג.

דער מאַן זעהנט זיך נאָך דער פרוי זי זאָל אים בעפרייען פון איינזאַמקייט דאָסז. ב, יח. שוין די בעדייטונג פון דער פרוי'ס העב־רעאישען נאָמען גיבען דייטליך איר שטעלונג.

„אשה העררין און פרוי”.

„גבירה הערשערין”.

„גברת, נות בית העררין און פאַרוואַלטערין”.

ניט נאָך די אָריענטאַלישע זיטע, ווי די פרוי איז אין גאַנצען אבהייננגיג פון מאַנ'ס ווילען; ביי אידען שטעהט די פרוי געגען דעם מאַן פאָלשטענדיג גלייכבערעכטיגט, געגען וועלכע דער מאַן האָט פליכטען צו ערפילען.

זי פערוואַלטעט די הויז זעלבסטשטענדיג.

עס כאַראַקטעריזירט זיך אזוי שעהן אין דער אויסשפרוך: „אַלעס וואָס שרה זאָגט דיר, הער צו איר שטימע!”

גרויסאַרטיג איז די מאהנונג צו איהר שוץ: „איר באַדעקט מיט טרערען גאָט'ס מזבח, מיט וויינען או זיאָמערען!” גאָט ווענ־דעט זיך ניט מער צו אייערע קרבנות, און איהר פרעגט ווארום? ווייל „גאָט איז אַ עדות צווישען דיר און די פרוי פון דיין יוגענד,

נענען וועלכע דו ביזט טריילאַז געוועזען!" מלאכי ב, יד.

אין די שפּעטערדיגע הייליגע שריפט ווערט די פרוי פערהער־ליכט אין גאַנצע ביכער אָדער אין איינצעלנע פּסוקים.

אזוי האָבען צו טהעמא: „שיר השירים די פרוי'ס זיטליכע ריינקייט". „אשת חיל די ערליכקייט פון א טוגענדהאפטער פרוי". „הויז און גוט איז אַ ירושה פון עלטערען, אָבער פון גאָט אַ קלוגע פרוי", משלי ה, יט. „דיין קוועלע וועט זיין געבענשט, פרעה זיך מיט דער פרוי, פון דיין יוגענד" משלי יט, מד.

„די פרוי האַלט אויף די עהרע פון מאַן און איז זיין ציערונג", משלי יב, ג. צו אירע טוגענדען געהערען: פערשטאַנד, ארבייטס־זאַמקייט, באַזאָרגען די הויז, קינדער ערציהונג.

שעהן קלינגט דער פּאָעטישער נאָמען: „בנות ציון, בנות ירושלים, בנות יהודה".

נאָכמער ווי אין געזעץ אָדער אין דער הייליגער פּאָעטריע, איז עס די היסטאָריע וועלכע פערהערליכט די פרוי:

„שרה, רבקה, רחל און לאה זיינען די שטאַממיטער".

משה פערדאנקט טיילווייז זיין רעטונג זיין שוועסטער מרים. שמות ב נג. עס זיינען די פרויען וועלכע גיבען זייער טייערע שפּיג־לען צום אויפבוי פון אהל מועד, שמות לה, כה, כו. זי לעבט ניט ווי אַנדערע פרויען אין אָריענט, אָבגעשלאָסען פון דער וועלט, נור אין פרייען פערקעהר מיט דער וועלט. זי נעמט אנטהייל אין עפענט־ליכע פערזאמלונגען און פאָלקספעסטען, מלכים א, יד, ד. זי פאַר־גרעסערט די פייערליכקייט, שמואל א, יח, ו. דורך געזאנג, מוזיק און טאַנץ. שופטים ז, כז.

אויסער זייער הויז זעהען מיר די פרויען אין עפענטליכע טהעַ־טיגקייט. זיי זיינען: ריכטערינס, פּראָפעטינען, זינגערינס. זיי צייַ־נען זיך אויס צו זיין קלוג, העלדענמוטיג, פול פאטערלאנדס ליעבע, מיט ענטשלאָסענהייט און אויפאָפּפערונג. דורך דאָס פרייע אויפ־טרעטען פון צלפּחד'ס טעכטער ווערט אַ געזעץ אין דער תורה צו־געשריבען במדבר כז, אב. פרויען זיינען פערפליכטעט טהיילצו־נעמען אין עפענטליכע פאָרלעזונגען פון דער תורה. דברים לא.

שבע׳ס אויפשטאַנד מאַכט אַ פּרויען־האַנד איין ענד. די טרייע מיכל רעטעט דוד דאס לעבן. און אביגיל האַלט אים אָפּ פון בלוט פארגיסען. ווי שעהן איז דער ענטפער פון שונמית פראַגע אויב זי האָט נויטיג אַ פירשפּראַכע ביי דעם פירשטען: „אונטער מיין פאָלק וואוין איך!״ מלכים ד, יג.

אונטער די נביאים זיינען אויך דאָ פרויען פון וועלכע חולדה איז בעזונדערס בעקאַנט. אין דער צייט פון די ריכטער געהט די העלדין דבורה צום קאַמף געגען מדין, וועלכע צורייסט די לאַנג־יעהריגע אונטעריאָכונגס קייטען. הויך שטעהען די תלמודישע שפּריכע צו דער פרוי׳ס שוטץ: „דער מענש זאָל אימער בעדאַכט זיין וועגען זיין פרוי׳ס עהרע. דען די ברכה אין הויז קומט נור צו־ליב די פרוי״. בבא מציאה 59. „דו זאָלסט דיין פרוי ניט קריינ־קען, דען זי קען לייכט צו טרערען גערירט ווערען״ יבמות 62. איך האָב מיין פרוי קיין מאָל ניט גערופען אַנדערש ווי מיין הויז. גיטן 52. „דער מענש אָן די פרוי איז: אָן גוטעס, אָן הילף, אָן פרייד, אָן ברכה״. „דעם מענשענס אויסגאבע אויף שפּייז און געטריינק זאָל זיין ווייניגער פון זיין איינגאַמע״. פאר קליידונג נור נאָך זיין מעגליכקייט, אָבער פאר די קליידונג צו זיין פרוי׳ס עהרע, מעהר ווי זיין איינקונפט. די פרוי ערלייכטעט זיינע אויגען און שטעלט אים אויף די פיס. נדרים 48.

## כבוד אב ואב

די עלטערנפערהערונג איז דער אויסדרוק פון קינדערליבע, וועלכע גאָט האָט טיף אין מענשענס האַרץ געפלאַנצט; די ליבע פון קינדער צו עלטערען ווערט אויך געטראָפען ביי די ווילדע פעלקער. די גוטע טהאַטען פון, כבוד אב ואם, האָבען די הייליגקייט צו זייער אונטערלאַגע. עס קומט ניט פון בלינדען נאַטורגאַנג אָדער דונ־קעלען געפיהל אין מענשען, נור פון זיטליכען בעוואוסטזיין און שטרעבען. אין 2 אבשניטען אין דער תורה האָבען מיר דאס גע־זעטץ פון כבוד אב ואם: אין עשרת הדברות אלס 5־טע געבאָט.

עהרע דיין פאָטער און דיין מוטער, אום דייטע טעג זאָלען זיך פער־לענגערען אויף דעם לאַנד. שמות כ, יב, אין געזעטצ אָבטיילונג אין ויקרא, וועלכע שטעלט די הייליגקייט אן איהר שפיטצע יעדער זאָל פירכטען זיין מוטער און פאָטער, און מיינע רוהע טעג זאָלט איהר היטען ויקרא יט, ג.

אויף דאָס געהאָכזאם צו די עלטערען בויט זיך דער וואָהלזיין פון דער פאמיליע, געזעלשאפט און שטאאט. די תורה רעדט אויס איהר קללה איבער דעם ווער עס פעראכטעט זיינע עלטערען, און טויט שטראָף איבער דעם, ווער עס פעראַכטעט אָדער פלוכט זיינע עלטערן: פערפלוכט זאָל ווערען דער ווער עס פעראַכטעט זיין פאָ־טער אָדער זיין מוטער. דברים כז, טז. און ווער עס שלאָגט זיין פאָטער אָדער מוטער זאָל געטויטעט ווערען, שמות כא, טו, ז.

נאָך שארפער זיינען די שפריכע פון שלמה המלך אין משלי: ווער עס פלוכט פאָטער און מוטער וועט זיין ליכט פערלאָשען ווע־רען אין געדיכטער פינצטערניש, משלי כ, ב. דאָס אויג וועלכע פערשפאָט זיין פאָטער, און איז ניט געהאָרכזאַם צו דער מוטער וועלען די ראָבען פון טהאָל אויסהאַקען און די אדלערס פרעסען. משלי ל, יז.

הער צו מיין זוהן די שטראָף־רייד פון דיין פאָטער, און פער־לאָז ניט די לעהרע פון דיין מוטער, דען איין גראַציעזער קראַנץ איז עס אום דיין קאָפּ און אַ צירונג ארום דיין האַלז. דאָסז. א, ח־ט.

הער צו די רייד פון דיין פאָטער, און פעראכט ניט דיין מו־טער, ווען זי איז אַלט געוואָרען; זאָלסטו ניט זאָגען איהרע אידעען זיינען צו אַלטמאָדיש פאר דיר, משלי כג, כא.

פאָטער און מוטער פעראכטען זיי זיינען די שמערצענס אויס־רופע פון די נביאים.

איבער די גאָטלאָזיגקייט פון פאָלק, אין זייערע נבואות. איבער דעם נאָהענטען אונטערגאַנג פון אידישען רייך. יחזקאל כב, ד.

דאָס אויפהערען פון מיינונגס פארשידענהייטען איבער רע־ליגיאן צווישען עלטערען און קינדער געהערט צו די אידעאלען פון די נביאים מלאכי ג, כד.

נאָך דעם תלמוד, זיינען די עלטערען גאָט'ס שטעלטפארטרע־טער, און צו עהרען די עלטערען, איז גלייך ווי עהרען גאָט אליין. קידושין 4.

זאָגט גאָט: ווער עס עהרט זיינע עלטערען איז אזוי ווי ער עהרט מיר. ווער עס האָט פערמעגען, אָדער איז אימשטאַנד, און שפייזט ניט זיינע עלטערען איז פאר גאָט אזוי ווי אַ מערדער.

די מצוה פון כבוד אב ואם איז ניט אין דער גרויסקייט פון דער גאבע, נור די פריינדליכע ווייזע אויף וועלכע עס ווערט אי־בעררייכט. צום כבוד אב ואם געהערט די פליכט, די עלטערען מיט אלעם נויטיגען, ווען זיי זיינען אונבעמיטעלט,, צו בעזאָרגען, צו פרעגען זייער ראַט, דברים לב, ז. זייענדיג אין דער פרעמד וועגען זיי זיך צו ערקונדיגען, ניט אָן זייער ערלויבניש אָבצורייזען, צו האָ־בען מיטלייד און געדולד ווען זיי זיינען שוואך, אין קראַנקהייט זיי צו פפלעגען, דעם וואונש פון די עלטערען אויך נאָך זייער טויט צו ערפיהלען. מען זאָל אויך עהרען די עלטערען ווען זיי זיינען שולדיג אין אַ פארברעכען. מען זאָל אויף דעם פאָטער'ס פלאַץ ניט שטעהן, אויך ניט זיטצען, דעם פאָטער ניט צו ווידערשפרעכען. עפענטליכע בעליידיגונג אָדער שלעכטע בעהאַנדלונג פון עלטערען געדולדיג איבערצוטראָגען: גלייך ווי די עלטערען זיינען די שטיפ־עלטערען, און דער עלטעסטער ברודער געבאָטען צו עהרען.

די פערעהרונג פון רבי'ן שטעהט העכער פון עלטערנפערהע־רונג, אָבער איבער ביידען שטעהט העכער די פערעהרונג פון גאָט צו כבוד אב ואם זיינען פערפליכטעט אַלע קינדער אָן אונטערשייד פון שטאַנד און געשלעכט.

## די בעציהונג פון מענשען צום מענשען

די בעציהונג פון „מענשען צום מענשען" זיינען די הויפטגעזעצע פון דער תורה. די בעדייטונג פון „איש לרעהו" מיינט יעדען מענ־שען געגען דעם אַנדערען, אויך דעם אויסלענדער און ניט אידען.

די תורה בעטראַכט יעדען מענשען אַלס ברודער און קינדער

פון איין פאָטער. די פערברידערונג פון אַלע פעלקער צו די ווערק פון: רעכט, ליעבע, און גערעכטיגקייט איז דער אידעאַל פון די נביאים; דאָס היידענטום ווען דיעזער אידעאַל האָט געפעלט, האָט זיך ניט געקענט ערהויבען צו דער זעלבער מאָראַלישער הויכ־קייט. די גריעכען און רוימער האָבען בעטראַכט די מיטגלידער פון אַנדערע פעלקער פאַר באַרבאַרען און האַלב ווילדע, אָן רעכט אויף אייגענטום, עהרע און פּערזענליכע ווירדע. אין דער אבשניט פון דער הייליגקייט, וואו די תורה זאָגט „הייליג זאָלט איר זיין", איז דאָס געבאָט, דו זאָלסט ליעבען דיין פריינד ווי זיך.

דאָס צווייטע פערז פון שפּרוך: „דו זאָלסט ניט ראַכע נעמען, און דו זאָלסט ניט היטען קיין צאָרן געגען די קינדער פון דיין פאָלק" ויקרא יט, יח.

די תורה קען קיין אונטערשייד צווישען איד און ניט איד, און דערמאָנט אונז ביי יעדער געלעגענהייט, וועגען די שאהנונג פון דעם פרעמדען אָן אונטערשייד פון פּערזאָן. „איך גאָט, וועלכער טוט דאָס רעכט פון דעם יתום און אלמנה, און ליעב דעם פרעמדען אים צו געבען ברויט און אַ קלייד. און איהר זאָלט ליעבען דעם פרעמדען, דען פרעמדע זייט איהר געוועזען אין לאַנד מצרים. דברים יז, יט. און „ווען עס וועט זיך אויפהאַלטען ביי דיר אַ פרעמדער אין אייער לאַנד, זאָלט איהר אים ניט פייניגען. ווי דער איינגעבאָ־רענער זאָל ער ביי אייך זיין, דו זאָלסט אים ליעבען ווי זיך אליין". ויקרא יט, לג.

„דו זאָלסט ניט בייגען דאס רעכט פון דעם פרעמדען, דעם יתום און אלמנה; פערפלוכט דער וועלכער בייגט דאס רעכט פון דעם יתום און די אלמנה" דברים כז, יט. אזוי ווערט געבאטען: דעם פרעמדען צוזאַמען מיט דעם יתום און אלמנה גערעכטיגקייט און וואהלטהאט צו טאָן. די תורה האָט די נאָרמען פון אמת און וואַרהאַפטיגקייט אין אונפערגלייכליכער שאַרפקייט פעסטגעזעצט. די פערבאָטע איבער: ליגען, חניפה, בעדריקונג, רעכסטפערביינגן געהערען צו דער וויכטיגסטער טייל פון דער אידישער עטהיק. „איהר זאָלט ניט שטוילען, איהר זאָלט ניט לייקענען און איהר

זאָלט ניט ליגען זאָגען איינער געגען דעם אַנדערען, און איהר זאָלט „ניט שווערען ביי מיין נאָמען צו אַ ליגען" ויקרא יט, יא, יב.

די וואָרהאפטיגקייט נאָך דעם פּרינציפּ פון דער תורה זאָל פּראַקטיצירט ווערען געגען פריינד און פיינד, פרעמדע און אונ־היימישע. „איהר זאָלט קיין אונרעכט טהאָן אין געריכט, אין מאָס, אין געוויכט און אין נאַססען מאָס; ריכטיגע וואָגשאָלען, ריכטיגע געוויכט שטיינער זאָל ביי אייך זיין" אום דו זאָלסט לאַנג לעבען אויף דעם לאַנד, דען אַ גרויל צו גאָט איז יעדער וועלכער טוט אונ־רעכט. „דו זאָלסט ניט געהן אַלס פערלוימדער אונטער דיין פאָלק, דו זאָלסט ניט בלייבען שטעהן ביי דעם בלוט פון דיין פריינד" איך בין גאָט: „דו זאָלסט ניט האַסען דיין ברודער אין דיין האַר־צען, דו זאָלסט שטראָפען דיין פריינד אום דו זאָלסט ניט טראָגען וועגען אים אַ זינד" דז. יט, טז, יז.

„דו זאָלסט ניט פערבינדען דיין האַנד מיט אַ שלעכטען עדות צו זאָגען פאר אונרעכט, דו זאָלסט ניט זיין נאָך די מעהרהייט צום בייזען (פאָלג ניט די מערהייט צום בייזען) דו זאָלסט ניט עדות זאָגען וועגען אַ רעכט זאַך (ניר) אום זיך צו נייגען נאָך די מערהייט צו בייגען דאס רעכט". „און איין ארימאַן זאָלסטו ניט שוינען אין זיין רעכטזאַך" שמות כג, א־ג.

די מאָראַלע הויכקייט פון אמת און גערעכטיגקייט נעמט דורך די תורה און נביאים: דער נביא, דער תהלים און דער פּאָעט קו־מען אימער צוריק צו דעמזעלבען; נעמליך, צדק און יושר אין ישראל'ס מיטע פערווירקליכט צו זעהן. די נביאים! עמוס, מיכה, ישעיה, חבקוק, ירמיה, יחזקאל ביז צו די לעצטע נביאים אין אָנ־פאַנג פון צווייטען אידישען קעניגרייךריידען איבער דעם מיט אַזאַ אייפער און בעגייסטערונג, וועלכע איז ביז היינטיגען טאָג נאָך מעכטיג הינרייסענד. אַ טיעפען איינדרוק מאכען ישעיה'ס ווער־טער איבער די ריכטיג פרומע. „ווער אין גערעכטיגקייט וואַנדעלט און רעדט עהרליך, ווער עס פעראכט געווין דורך בעדריקונג, שאָ־קעלט אָפּ זיינע הענד פון בעשטעכונג, ווער עס פערשטאָפּט זיינע אויערען ניט צו הערען דעם בלוטראַט, און פערמאַכט זיינע אויגען

ניט צו זעהן דאָס בייזע. ישעיה לג, טו.

די זאַכען זאָלט איהר טהאָן: רעט אמת איינער מיט דעם אַנדערען, וואַרהאַפטיג און פריעדען. רעט רעכט אין אייערע טויערען. איר זאָלט ניט טראַכטען אין אייער האַרצען בייז איינער גע־גען דעם אַנדערען. דען דאָס אַלעס האַס איך, זאָגט גאָט. זכריה ח' טז־יז. איין געוואַלטיגען איינדרוק מאַכט נאָך יעצט דער ריק־בליק פון משה און שמואל אויף זייער לעבען: דאָ בין איך, בע־ווייזט געגען מיר צו גאָט: „וועמעס אקס האָב איך גענומען, אָדער וועמעס עזעל האָב איך גענומען, אָדער וועמען האָב איך פערהאַל־טען זיין לוין. וועמען האָב איך בעדריקט. אָדער פון וועמעס האַנד האָב איך גענומען אויסלייז געלד איך זאָל פארהיילען מיינע אויגען פון אים? דער ענטפער איז געוועזן: דו האָסט אונז ניט בעדריקט און דו האָסט פון קיינעם גאָרניט גענומען. שמואל א' יב, ג.

דאָס זיינען לעהרען געשטאַלטען און מוסטער וועלכע נור דער בוך דער ביכער איז אימשטאַנד אויפצושטעלען, ניט וויינינגער גרוים איז די צוזאַמענפאַסונג פון אמת און גערעכיטנקייט אין תהלים 15. אין אלער בעציהונג צו גאָט און מענשען זאָל גערעכ־טיגקייט און אמת זיין די גרונדלאַגע פון אונזער האַנדלונג אין פול־סטען זין פון וואָרט. די תלמוד לעהרער באַטראַכטען די אויפריכ־טיגקייט געגען מענשען גלייך ווי געגען גאָט. הלל ערקלערט, דאס דער געבאָט „ואהבת לרעך כמוך" דו זאָלסט ליבען דיין פריינד ווי זיך אליין אָדער, אָדער „מה דעלך סני לחברך לא תעבוד". וואָס דו ווילסט ניט מען זאָל טהאָן צו דיר, זאָלסטו ניט טהאָן צו דיין נע־בענמענשען" איז דאָס גאַנצע געזעץ אַלעס אַנדער איז אַ ערקלערונג.

## אלטער

דער מענש אלס „בחור היצורים" בעשאַפען אין גאַט'ס פּאָרום, וואָס עלטער ער ווערט אלץ העכער און פאָלקאָמענער איז זיין ווערט: די פלאַנצונג ווען עס בליהט אויף אין גאַנצען ווערט פערוועלקט, דאָס טיער ווען עס ווערט אַלט פערלירט זיין קראַפט, אָבער דער

מענש ווען ער ווערט אַלט עררייכט ער זיין מאָראַלישער פּאָלקאָ־מענהייט, עס הייסט ניט קיין זינקען נור איין ארויפשטייגונג צו א העכערער גייסטיגער רייפקייט, איין אפּבליהונג פון דער אויסערליכ־קייט, א פערמינדערונג פון קערפּערליכער קראפט.

צו עהרן דעם אַלטן איז אין דער תורה געוואָרן אַ געזעץ „פאַר אַ גרויען מאַן זאָלסטו אויפשטיין, און דו זאָלסט אַכטען (אָדער בע־שיינען) דאָס אנזעהן פון איין אלטען״ ווערט ערקלערט: מען זאָלל זייער פאָרזיכטיג זיין דעם אלטען מאן ניט צו פערשעהמען, און קיין קריינקונג צו פערשאפען, דער אלטער מאן זאָלל אין געזעל־שאפט דער ערשטער ריידען, דעם אלטען אין זיינע רייד ניט אונ־טערברעכען און ניט ווידערשפּרעכען.

„דאָס געבאט צו אכטען דאָס אלטער בעציהט זיך אויך אויף א גוי! דען ס׳איז ניט צוליב זיינע פערזאָן, נור פיר זיינע גוטע מעשים פיר וועלכע דער מענש פערדינט לאנגע יאהרען״.

אין די ביבלישע צייטען זיינען די עלטעסטע געוועזן די שטענ־דיגע פערטרעטער און בעשיצער פון אידישען פאָלק נדרים 40 אלס פאלקס פערטרעטער האָט מען זיי גערופען, קרואי העדה, „די בע־רופענע פון דער געמיינדע״ במדבר א טז, די עלטעסטע זיינען גע־ווען די פּאטריארכאלישע פאלקס פארשטעהער וועלכע האָבען גע־האט די גאנצע מאכט אין זייערע הענד און האָבען רעגירט אויך אן א קעניג במדבר טז כד — יא אין דער צייט פון משה זיינען זיי געוועזן די ריכטער פון פאלק שמות יט ז, אין צווייטען אידעשען קעניגרייך זיינען די אַלטע לייט געוועזן די בייזיטצער פון סנהדרין. סנהדרין 6 י.

דאָס אלטער הייסט די עהרענפאלע צייט פון מענשען: ווען קלוגהייט, ערפאהרונג און פערשטאנד זיינען אנגעזאמעלט.

„די צירונג פון אלטער איז די גרויהייט, פּרק אבות 4. „עהרע צו די אַלטע״, „אַ קרוין פון שיינקייט איז דאס גרויזענאלטער, אויף דעם וועג פון גערעכטיגקייט ווערט עס געפונען״ משלי טז לא.

דער אלטער איז גלייך ווי דער קליגסטער, דארום ווערט גאט בעצייכענט אין דער געשטאלט פון א גרויזגרויען מאן.

„ווער עס עמפאנגט דעם אלטען תלמיד חכם איז גלייך ווי ער וואלט עמפאנגען די שכינה".

„יונג בין איך אין טעג, און איהר זייט אלט, דארום האב איך מורא געהאט ארויסצוזאגען מיין מיינונג.

איך האָב געדיינקט די טעג ריידען. און די צאָהל יאָהרען צייגן קלוגהייט איוב לב ו ח־ט.

„ווען די תלמידי חכמים ווערען אלט ווערען זיי בעזאנענער און קליגער". „נור דער אלטער וועלכער האָט ערווארבען קלוגהייט, האָט די ווערט פון אלטער". „בעסער איין ארימער איינגעל און קלוג, ווי איין אלטער קעניג א נאר, וועלכע איז מעהר ניט פעהיג צו לער־נען" קהלת ד יד. „עס איז דא איין עלטער אן צירונג פון טעג, אדער טעג אן צירונג פון אלטער, אָבער פאלקאמען זיינען ביידע צו־זאמען".. וואויל צו אונזער עלטער, וועלכע האָט ניט פערשעמט אונזער יוגענד". „דער אלטער תלמיד חכם שטעהט העכער ווי דער נביא". די לעהרע פון די נביאים האָט געפאָדערט א צייכען צו בעגלויביגונג, דברים יג ב. ווען די ווערטער פון דעם אלטען זאלען געהערט ווערען אהנע בעווייזע, „נאך די לעהרע וועלכע זיי ווע'לען דיר לעהרען, נאך דעם אויסשפּרוך וועהכען זיי וועלען דיר זאגען" ד"ז טז י.

„מען זאָלל זיך בעראטען מיט די אלטע ווערט מען געשיצט פון אונגליק, צו לערנען פון יונגע איז גלייך ווי עסען איילינגע ווינ־טרויבען און טרינקען יונגען וויין, אָבער צו לערנען פון די אלטע איז גלייך ווי עסען פארטיגע וויינטרויבען און טרינקען אלטען וויין, אבות 4.

„ווען די יונגע הייסען דיר בויען, און די אלטע הייסען צו־ברעכען, הער צו די אלטע און פאלג ניט די יונגע" נדרים 40.

„מאכסטו א פעהלער אין דער יוגענד, בעסער זיך אויף דער עלטער" יבמות 62.

עס איז בעטראכט געווארען פאר א אונגליק ווען יונגע רע־גיערען. „אינגלעך וועלען זיין זייערע פירשטען, און מינדעריעה־ריגע וועלען הערשען איבער זיי" — ישעיה ג ד.

„די אידעשע צוקונפט הייננט אָפּ פון איהרע אלטע לייט, אב די אלטע בעלעהרען דאס פאלק די וועגען פון יושר און גערעכטיגקייט, איז דא א האפנונג צו די אידען".

# הלואה

נאָך פון אוראלטע צייטען איז ניט מעגליך געווען די אונגלייכהייט פון פערמעגען צו בעקעמפען; טראָץ די פעראָרדענונג פון גלייכער פערטיילונג פון לאנד און דאס געבאט צוריקצוגעבען נאָך 50 יאהר דאס געקויפטע לאנד צו זיין פריהערדיגען אייגענטימער האָט די תורה דאך פאראויסגעזעהן נויט און ארמוט און האָט בעשטימט א רייהע הומאנע געזעטצע און לעהרען, וועלכע זי האָט בעפוילען אויסצואיבען אז דער ארימער זאל ניט פערפאלען ווערען אין זיין נויט.

זאָגט די תורה: „ווען דיין ברודער וועט ארים ווערען און זיין האנד וועט זינקען ביי דיר דאן זאלסטו איהם אונטערשטיצען, א פרעמדער ארער אנ'איינוואהנער און ער זאָל לעבען ביי דיר", „דו זאלסט ניט נעהמען פון איהם צינז אָדער וואכער, דו זאָלסט מורא האבען פאר דיין גאט, דיין ברודער זאל לעבען ביי דיר", ויקרא כה לה.

די תורה האט שטרענג פערבאטען קיין צינז און וואכער פון געליהענע געלד צו נעהמען, ווי קליין דאס צינז נעהמען זאל ניט זיין אין עס געגען די אידעשע רעליגיאן.

„אויב דו וועסט געלד לייהען מיין פאלק דעם ארימען ביי דיר זאלסטו ניט זיין געגען איהם ווי א שולד הער (א שטרענגער מאהנער). „איהר זאלט אויף איהם ניט לייגען צינזען", שמות כב כב. „דו זאללסט קיין צינזען געבען צו דיין ברודער, צינזען פון געלד, צינזען פון שפייז, צינזען פון יעדע זאך וועלכע מען קען פערצינזען. צום אויסלענדער מעגסטו געבען צינזען, אבער צו דיין ברודער זאלסטו קיין צינזען געבען אום דיר זאל גאט בענשען". דברים כג כ כא.

מיר זעהען פון דעם דאס אויסצונוצען די נויט פון דעם אנ־דערן, דעם אידען אזוי ווי דעם גוי האָט די תורה שטרענג פער־באָטען. כאראקטעריסטיש איז דער העברעאישער נאמען פאר צינז, דאָס וואָרט נשך הייסט: בייסען, שטעכען, פערוואונדען וועלכע ווערט געברויכט פאר דעם אויסדרוק, פאַר א ביס שטיך אָדער וואונד ווען געביסען פון אַ שלאַנג. „אַ שלאַנג אויף דעם וועג וועלכע בייסט די טריט פון דעם פערד און זיין רייטער פאַלט צו־ריק״, בראשית מט יז. „אם ענדע בייסט עס ווי א שלאנג״ משלי כג לב. די בעלי מדרש פערגלייכען עס צו די וועלכע נעהמען צינ־זען:

„דער ביס פון א שלאנג איז אין אנפאנג קוים צו מערקען די וואונד, אָבער עס ווערט דורך די גיפט פערשוואָלען ביז עס גרייפט אן דעם גאנצען קערפער. אזוי איז מיט וואכער אין אנ־פאנג שפירט מען עס קוים אבער באלד ווערט דאס אויפגעשוואָלען ביז עס שלינגט אלעס איין. דאס צינזען נעהמען פון דעם אויס־לענדער איז א נייע איינארדנונג וועלכע קומט ניט פאַר אין צוויי־טען און דריטען יאהרהונדערט וואו עס איז דאגעגען שטרענג פערבאטען.

די בעלי מדרש ערקלעהרען דעם וואָרטשפּרוך אויף די עקאָ־נאָמישע לאגע פון די אידען אין פאלעסטינא, וועלכע זיינען גע־וועזען אנגעוויזען אויף אקער בוי צום אונטערשייד פון איהרע שכנות׳ע פעלקער די פעניציייער וועלכע האבען מייסטען בעטריבען האַנדעל. די הלואה צו דעם אויסלענדער צום האַנדעל זאָל יא פערצינזט ווערען, אָבער ניט צו די אידען אדער פרעמדע אין פּאַ־לעסטינא וועלכע בעטרייבען לאנד ווירטשאפט. דער אויסדרוק „תשיך״ בעדייט דו דארפסט איהם צינזען געבען אבער ניט פון אים נעהמען, „אויב דו וועסט נעהמען אין משכון די קלייד פון דיין מיט־מענשען ביז זון אונטערגאנג זאלסטו עס איהם צוריק געבען, דען דאס איז זיין איינציגע דעקע, דאס איז זיין קלייד פאר זיין הויט אויף וואס ער זאָל ליגען, און עס וועט זיין ווען ער וועט שרייען צו מיר דאן וועל איך צוהערען דען איך בין דערבארמדיג״

שמות כב כו. „מען זאל ניט נעהמען אין משכון אן אונטערשטען אָדער אויבערשטען מיהלשטיין דען דערמיט נעהמט מען די נשמה צום משכון”, דברים כב ו.

„ווען דו וועסט לייהען דיין פריינד וועלכע עס איז לייהע זאלסטו ניט קומען אין זיין הויז צו נעהמען זיין משכון אויף דער גאס זאלסטו שטעהן און דער מאן וועמען דו לייהסט זאל ארויס־ברייננען צו דיר דעם משכון אויף דער גאס.” „און אויב ער איז ארים זאלסטו ניט איבערנאכט פארהאלטען זיין משכון, דו זאלסט עס איהם צוריק געבען ווען די זון געהט אונטער אום ער זאל ליגען אויף זיין קלייד און ער זאָל דיר בענשען; און דיר וועט עס גערעכענט ווערען אלס גערעכטיגקייט פאר דיין גאט” דז כד יג.

„דו זאָלסט ניט נעהמען אין משכון די אלמנה׳ס קלייד” דז. כד יז.

איבער די פערווירקליכונג פון דיזע מענשענפריינדליכע בע־שטימונג האבען די נביאים אלס וועכטער פון געזעץ געהאלטען גאָר אַ וואַכזאַמע אויג, זיי האָבען הויך געהויבען דעם בייטש געגען די איבערטרעטער פון דעם, און זיינען ניט מיד געווארען זייער פולע פערדאמונג אויסצוריידען איבער די הארטהערציגקייט פון די גלויביגער.

„אויף צינז לייהט ער ניט און וואָכער נעמט ער ניט. לעבען זאָל ער, זאָגט גאָט”, יחזקאל יח־ט. „ווער דאַרף וואוינען אין דיין גע־צעהלט און רוהען אויף דיין הייליגען בארג: ווער עס האָט ניט גע־ליהען געלד אויף צינזען” תהלים טו ה.

רב שפרא זאגט:

„די היידנישע געריכטן צווינגען דעם שולדנער, דעם גלויבי־גען די צינזען צו צאלען, צו וועלכע ער האָט זיך פערפליכטעט ביי׳ן אננעהמען די הלואה, אבער די אידעשע געריכטע צווינגען דעם גלויבעגען, דעם שולדנער די צינזען וועלכע ער האָט שוין פון אים גענומען צוריקצוגעבען”.

די וואכערער זיינען געבראנדמארקט געווארען אלס: אב־טריניגע, וועלכע לייקענען אין גאט און ניט גילטיג אלס עדות. מיר

ציטירען איינינע פון דעם:

„ווער עס נעהמט צינזען איז אן יראת שמים".

„ווער עס לייהט געלד אויף צינזען ווערט אים גערעכענט ווי ער וואָלט אלע זינד פון דער וועלט בעגאנגען", דען עס הייסט: אויף צינז האָט ער געגעבען, איבריגע גענומען, לעבען זאל ער ניט; אלע די גרויעל האָט ער געטאהן; שטארבען זאל ער בלוט־שולד קלעבט אן אים", יחזקאל יח יג.

ענטגעגענגעזעצט הייסט עס: „יעדער איד וועלכער לייהט געלד אן צינזען איז גלייך ווי ער וואָלט מקיים זיין אלע עגבאטען פון דער תורה", די ענדע פון דעם צינז פערבאָט לויטעט:

„איך בין אייער גאט וועלכער האָט אייך ארויסגעפיהרט פון דעם לאנד מצרים אום צו זיין פאר אייך א גאט", מיינט ווער עס אנערקענט ניט דעם פערבאָט פון צינזנעהמען אנערקענט ניט די בעפרייאונג פון מצרים".

„די צינז נעהמער ווערען באטראכט פאר פערברעכער און מערדער" בבא בתרא 80.

נאכ'ן צושטערונג פון אידעשען קעניגרייך איז ענטשטאנען די פראגע אויב דער פערבאט איבער צינז נעהמען שטעהט אין פערבינדונג מיט דעם באדענבעזיץ פאלעסטינא'ס און האָט קיין בעדייטונג פאר די אידען אין גלות? פון די געזעטצען אין לעהרען זעהען מיר דאס די אויפרעכטהאלטונג פון דעם פערבאט גילט פאר אלע צייטען אין אלעלענדער און געגען יעדען מענשען אן אונטער־שייד פון רעליגיאן".

## צדקה

די געבאטע „פאר צדקה און ביקור חולים" זיינען אנ'ערקווי־קענדע איבערגעבונג פאר דעם וואהלזיין פון דער מענשהייט.

„צדקה הייסט וואָהלטהאָט, גוטעס טהאָן, גערעכט טהאָן אָדער רעכט טהאן אדערביידעס צוזאמען". עס איז דער מיטענוועג צווי־

שען צדקה און גערעכטיגקייט, וועלכע ווערט באטראכט אלס דינסט צו גאט.

צדקה פארנעמט א בעדייטענדען טייל פון דער תורה און בילדעט דעם שענסטען בלאט פון סאציאלען לעבען פון אידעשען פאלק, וועלכע איז אנ׳אבשפיגלונג פון זיין הויכען מאראלישען שטאנדארד. „די הילף צום ארימען האט די תורה אלס שולדי־גענדע רעכט באטראכט און געבאטען: „ווען עס וועט זיין ביי דיר אנ׳ארימער פון איינעם פון דיינע ברידער אין דיינע טויערן אין דיין לאנד, זאלסטו ניט פערהארטען דיין הארץ, און דו זאלסט ניט פערשליסען דיין האנד פון דיין ארימען ברודער; נור דו זאלסט עפענען דיין האנד און דו זאלסט אים לייהען גענוג פאר זיין מאנגעל וואס אים וועט פעהלען״, „היט זיך עס זאל ניט זיין א שלעכטע זאך (געדאנקען) ביי דיר אין הארצען, צו זאגען: עס האט זיך דערנענטערט דאס זיבעטע יאהר, דאס יאהר פון שמטה, און דיין אויג וועט שלעכט זיין געגען דיין ארימען ברודער, און דו וועסט איהם ניט ווען געבען, דען ער וועט רופען איבער דיך צו גאט און עס וועט זיין אף דיר א זינד״. „דו מוזט אים געבען, און דיין הארץ זאל ניט שלעכט זיין, ווען דו וועסט אים געבען; דען וועגען דיזע זאך וועט דיר גאט בענשען, אין אלע דיינע ווערק און אין יעדע בעשעפטיגונג פון דיין האנד; דען עס וועט ניט אויפהערען אנ׳ארימער פון דעם לאנד דארום בעפעהל איך דיר זאגענדיג: דו זאלסט ברייט עפענען דיין האנד צו דיין ברודער און צו דיין ארי־מען. דברים טו, ז, יב.

די איינגעבונג פון לאנד, דאס פערשפרעכען פון רעגען אין צייט, די ברכה פון ערווערב איז אימער מיט דעם בעדינג דער ארי־מער זאל פון דעם קריגען זיין טהייל. די פאראויסזאגונג דאס עס וועט ניט אויפהערען דער ארימער האט געמאכט נויטווענדיג גע־וויסע איינריכטונגען, וועלכע זאלען די לאגע פון דעם ארימען אויב ניט אין גאנצען אויפהויבען דאך ערטרעגליך מאכען, עס זאל גע־הערען צו די שטאדט פערזארגונג אבער ניט אלס טשאריטי וועל־כע פערלעצט דעם מענשענס שאמגעפיהל נור אנ׳אנווייזונג אויף

דעם ערוועבר פון פעלד און גארטען צו וועלכען ער איז בערעכ־
טיגט.

די תורה דערמאהנט ביי יעדער געלעגענהייט, „דאס דער ארי־
מער איז אונזער ברודער און די הילף צו אים איז גערעכטיגקייט
ניט „טשאריטי", די געבאטע צו העלפען דעם ארימען ענדיגען זיך"
„איך בין גאָט אייער גאט", ווערט ערקלעהרט: איך בין דער זעלבער
גאט פון דעם רייכען און דעם ארימען". „ווען דו וועסט שניידען
דיין שניט אין דיין פעלד, און דו וועסט פארגעסען א גארב זאלסטו
זיך ניט אומקעהרען עס צו נעהמען: פאר דעם פרעמדען, פאר דעם
יתום און די אלמנה זאָל עס זיין" אום דיין גאָט זאָל דיר בענשען
אין יעדעם ווערק פון דיין האנד. „ווען דו וועסט אבשאקלען דיין
אייל־בוים, זאלסטו נאכהער ניט דורכזוכען די צווייגען: פאר דעם
פרעמרען, דעם יתום, און די אלמנה זאל עס זיין". „ווען דו וועסט
אבקלייבען דיין וויינגארטען זאלסטו ניט אינגאנצען אבקלייבען;
פאר דעם פרעמדען, פאר דעם יתום און די אלמנה זאל עס זיין".
דברים כד יט־כא.

„דו זאלסט פערצעהנטען (געבען מעשר) פון דעם גאנצען
ערטראג פון פעלד יאהר פאר יאהר: דעם צעהנטען־טהייל פון
דיין קאָרן פון דיין וויין און פון דיין אויל, און די ערשטלינגע פון
דיינע רינדער און פון דיינע שאף". דז יד כב־כג.

ארימע זאלען טיילנעהמען אין אונזער יום טוב מאהלצייט.
דז טז יא. זעהר הויך שטעהן די הומאנע שפרוכען צום שוטץ פון
די ארימע: „פאסטען, קרבנות און געבעט האבען קיין ווערט ווען
ניט בעגלייט פון צדקה". עס איז דיר געזאָגט מענש! וואָס גוט איז
און וואס גאט פאדערט פון דיר; צו טהאן גערעכטיגקייט און ליב
האָבען גוטעס צו טהאן", „דען חסד וויל איך און ניט קרבנות".
מיכה וט.

זאָגט גאָט: „עס זאל זיך ניט ריהמען דער קלוגער מיט זיין
חכמה, דער העלד מיט זיין שטארקייט, עס זאָל זיך ניט ריהמען דער
רייכער מיט זיין רייכקייט נור עס זאָל זיך ריהמען דער, ווער עס
מעג זיך ריהמען, איינצוזעהן און מיר צו ערקענען; דאס איך גאט

טהו חסד, רעכט און גערעכטיגקייט אויף ערדען, דען נור אין דעם אין מיין פערלאנג", ירמיה ט, כב. „און איהר וועט זאָגען ווארום טראגט ניט מיט דער זוהן דעם פאטער'ס שולד אבער דער זוהן טוט רעכט און גערעכטיגקייט און היט מיינע געזעטצע זאל ער לעבען", יחזקאל יח יט. „אָ דאָס איז אַ פאסטען וועלכע איך האָב ליב. ברעך דיין ברויט צו דעם הונגעריקען, וואנדערענדע ארימע. ברייננג אין דיין הויז. בעקלייד די נאקעטע און פון דיינע אייגענע זאלסטו דיי־נע אויגען ניט פערהוילען „דאן וועט ווי דער מארגענשטערן איינ־ברעכען דיין ליכט און דיין היילונג וועט שנעל שפראצען", ווען דו וועסט ערווייזען צום הונגעריקען דיין גוטען ווילען און טרייסט או דעם געפייניגטען זעטיגען דאן וועט שיינען אין דער פינצטער דיין ליכט, גאט וועט דיר אימער פירען אין ריכטיגען וועג אין צייט פון הונגער וועט דיר גאט זעטיגען. ישעיה נח ו־י

„ווער עס גיט דעם ארימאן וועט אים גאר ניט פעהלען; אבער ווער עס קעהרט אפּ זיינע אויגען פון דעם ארימאן קריגט פילע פלוכע". משלי כח כח.

„ווער עס פערשטאפּט זיינע אויערן פון דעם ארימען'ס וועה־געשריי, דער וועט אויך רופען צו גאט אבער ניט געהערט ווערען". דז כא יג.

„עס לייהט צו גאט, דער וועלכער איז וואהלטהעטיג צום ארי־מען, און ער וועט אים זיין שכר צאהלען". דז יט יט. זאגט גאט :

„דער הימעל איז מיין טראהן און די ערד מיין פוסס־בייִנקעל, און אויף דעם בליק איך אויף דעם ארימען, געבייגטען געמיט". ישעיה ס'ו ב.

דער מאטיוו איז ניט די אייגענוץ, אדער די האפענדע געגענ־לייסטונג, נור די איידעלע ערהעבונג פון מענשען צו גאטענליכקייט, ווייל אין דעם איז די פאלקאמענע געשטאלט פון טוגענד. „אייער גאָט זאָלט איהר נאָכפאָלגען", דברים יג ה. ווי ער איז בארמהערציג גנעדיג און לאנגמוטיג אזוי זאלט איהר אויך זיין".

אָרמוט איז קיין צייכען פון פערדאַמונג נור צו לויטערונג און בעסערונג. דאס געבאט פון „צדקה" געפינט אין תלמוד איהרע

ווייטערדיגע לעהרען: „דער ווערט פון פאסטען בעשטעהט אין צדקה". ברכות 6.

„עס איז ניטא קיין בעסערע איסזאא טווי צדקה". עבודה זרה 5.

„נור צוליעב צדקה שפייזט גאט די וועלט". ברכות 4.

"ווער עס גיט צדקה ערפיהלט די וועלט מיט גאט'ס גנאדע" מסכה 49.

„אין א יום טוב אין וועלכען מען גיט קיין צדקה, איז גלייך ווי מען וואלט בעגעהן א מארד". סנהדרין 35.

„צדקה איז געוואויגען געגען אלע מצוות" בבא בתרא 9.

„ווער עס לערנט תורה און גיט קיין צדקה איז אזוי ווי ער וואלט ניט גלויבען אין גאט".

„א תלמיד חכם זאל ניט וואוינען אין די שטאדט וואו עס ווערט ניט געזארגט פאר ארימע". סנהדרין 17.

צדקה זאל פערטהיילט ווערען: פרייוויליג, צו רעכטער צייט, ניט אפהאלטען דעם ארימען די הילף, מיט א פרייליכען הארצען, פריינדליכען בליק. און פארוואורף, פול רחמנות און ערבארמונג.

די העכסטע שטופע פון צדקה, איז ווען דער ארימער קריגט נאך בעסער ווי ער איז געוואוינט.

„ווער עס פערהיילט צדקה עפענטליך בעגעהט א זינד". חגיגא 4

„ווער עס גיט צדקה אין געהיים שטעהט ער העכער ווי משה רבונו" בבא בתרא 9.

„פארשפאר זיך די מיהע האט געזאגט רב יני צו א מאן וועלכער האט עפענטליך פערטהיילט צדקה, עס וואלט זיין בעסער דו זאלסט ניט געבען איידער די ארימע צו פערשעהמען".

„ווער עס בעריהמט זיך מיט זיינע גוטע טהאטען איז ניט נור ער פערלירט דעם שכר נור ער ווערט נאך געשטארפט פאר דעם".

„גאט אורטהיילט נאך די מעשים אויב זיי זיינען גוט אדער שלעכט בעציהט זיך אויף דעם, ווער עס פערטהיילט צדקה עפענטליך". קהלת יב יד.

„מען זאל זיך בעסער לאזען ווארפען אין קאלך אויווען, איידער א מענשען צו פערשעהמען". ברכות ב 43.

# די אידישע צוקונפט

עס האָ טגעפאָדערט אַ ריזיגע אקטיוויטעט פון די תלמוד לעה־רער אויפצוהאַלטען נאָכן חורבן פיזיש און גייסטיג די אידישע עק־זיסטענץ, די ווייטערדיגע ענטוויקלונג פון אידענטום איז געווען אַ פאָרטזעצונג פון דעם גייסטיגען בוי פון עזרא און נחמיה נאָך דעם חורבן פון ערשטען בית המקדש. די תורה איז געוואָרען דער גייס־טיגער באָדען וועלכע מיר האָבען אלס צווייטעס פאטערלאנד מיט זיך אין דער גאַנצער וועלט געטראָגען. נאָכדעם ווי רוים האָט פאַ־לעסטינא ביי אונז אַוועקגעריסען. די פערזיכערונג פון די נביאים אויף די אויסלייזונג איז געווען די אורזאכע פון אונזער קראַפט און אויסדויער דורך די צייט פון טויזנטיעריגע פערפאָלגונגען און אונפארגלייכליכע מאַטירערטום און האָט געווירקט ווי אַן ערקווי־קענדער שטראַהל פון טרייסט, האָפנונג און ערמוטיגונג. עס איז געווען די טרייסט דאס די אלע צרות וועלכע אידען שטעהען אויס, איז ניט צו זייער אונטערגאַנג נוּר צו לויטערונג און בעסערונג. „בינסטו עס דען ניט פון אָנפאַנג מיין גאָט וועלכע ריכטעט און שטראָפט אונז „חבקוב ויב" דאָס ביינקען צום אידישען לאַנד האָט אָנגענומען אַ רעליגיעזען כאַראַקטער.

„ווען עס וועט דיר איינג זיין וועלען דיר טרעפען די אלע זאַ־כען אין ענדע פון די טעג: און דו וועסט זיך נעהמען צום האַרצען אונטער אַלע פעלקער וואו דיין גאָט האָט דיר דאָרט פארשטויסען און דו וועסט זיך צוריקקעהרען צו דיין גאָט און דו וועסט הערען צו זיין שטימע, דאַן וועט גאָט צוריקקעהרען דיין געפאַנגענשאפט און ער וועט דיר פערזאַמלען פון אַלע לענדער אויב דיינע פערשטוי־סענע וועלען זיין אין אַלע ענדען פון דער וועלט וועט דיר גאָט פון דאָרט פערזאַמלען און ברייגגען אין לאַנד פון דיינע עלטערען". דברים ל'. „און ער וועט דיר גוטס טהאָן און ער וועט דיר מעהרען מעהר פון דיינע עלטערען".

דיעזע און עהנליכע פסוקים פון דער תורה זיינען געווען דער באַזיס פאַר טרייסט און האָפענונג פון די נביאים פאַר ישראל'ס

צוקונפט, וועלכע איז אויך אין דער נאָך־ביבלישער צייט אין פאר־שיעדענע פּאָעטישע בילדער דעם פאָלק אימער ניי ערקלעהרט גע־וואָרען. די ראָזיגע פערזיכערונגען: זיינען געוועזען אַ פריש פרו־דעלדיגער, אונבעזיגבאַרער לעבענס און טרייסט קוואל פון אידישען פאָלק אויף זיין ליידענסוועג פאר גאָט און זיין תורה.

„ווארום קלאָגסטו אויף דיין אונגליק שמערצליך איז דיין ווייטאָג, ווייל דיינע זינד זיינען פיעל, האָב איך דאָס צו דיר געטהאָן אלע וועלכע דיר פערצערען וועלען פערצערט ווערען און דיינע שונאים געהן אין געפאַנגענשאַפט און פון דיינע וואונדען, וועל דיר היילען". ירמיה ל' יז.

„איך פיר צוריק די געפאַנגענע פון יעקב'ס געצעלטן און זיינע וואוינונגען, ערבאַרעם איך זיך און די שטאָדט וועט אויף איהר רואינען ווידער געבויט ווערען". ירמיה ל' יח. מיט ציטירען איי־ניגע שטעלען פון דער גמרא „די פעלקער פון דער וועלט קריינקען די אידען און זאָגען צו זיי, גאָט האָט זיך פון אייך אָבגעווענדעט און קעהרט זיך מעהר ניט צוריק צו אייך. אָבער מיר געפינען אין דער תורה „און איך וועל זיך ווענדען צו אייך און איך וועל אייך מעהרען און אויפשטעלען מיין בונד מיט אייך" ויקרא כו, ט. און אויך ווען זיי וועלען זיין אין שונא'ס לאַנד וועל איך זיי ניט פאר־ווארפען און ניט פעראכטען צו צושטערען מיין בונד מיט זיי. דז. כו, מד. ווען ניט די אויבנדערמאָנטע פסוקים פון דער תורה וואָלטען מיר געצווייפעלט אין ישראל'ס קיום. „האָב קיין מורא מיין קנעכט יעקב" זאָגט גאָט, „איך וועל דיר אויסלייזען פון דער ווייטען און דיינע קינדער פון זייער געפאַנגענשאפט און יעקב וועט צוריקקעהרען און רוהיג און זאָרגלאָז בלייבען און קיינער שטערט". ירמי הל. א זוי זאָגט גאָט: „האַלט צוריק דיין שטימע פון וויינען און דיינע אויגען פון טרערען, דען עס איז דאָ אַ שכר פאַר דיין טהאָן און אַ האָפענונג פאַר דיין צוקונפט און איהר וועט צוריק־קעהרען פון אייער שונאים'ס לענדער". ירמיה לא, טו.

„איז דען צו קורץ מיין האַנד איך אויסצולייזען, אָדער האָב איך קיין קראַפט צו רעטען מיט מיין צאָרן. טריקען איך אויס דעם

ים און פערוואנדעל טייכען אין וויסטעניש" ישעיה נד. „וואָלסטו געהיט מיינע געבאָטע וואָלט דיין פריעדען געוועזן ווי א שטראָם און דיין גוטס ווי די וועלען פון ים" דז. מח, טז. „קען ביים העלדען צוריקגענומען ווערען זיין בייטע אָדער וועט דאָס פאַנג פון דעם זיגער ענטרינען? אזוי זאָגט גאָט : „אויך דעם העלדענס פאַנג ווערט אים גענומען און דעם מעכטיגען וועט זיין בייטע ענטרינען" און מיט דיינע קריגער וועל איך קריגען און דיינע קינדער וועל איך רעטען דז. מט, כה. „עס וועט פערקעהרט ווערען צו דיר דאס גוטס פון מערב זייט דער רייכטום פון די פעלקער וועט צו דיר קומען". דז. ס, ד.

דער אונגלויביגער קען נאָר פערצווייפעלט די הענד רינגען, אָבער פאַר דעם גלויביגען מאַכט דער אינהאַלט פון אונזער צו־קונפטס אידעע די העכסטע שפּיצע פון אונזער אמונה. איהרע גיטער און פערשפּרעכונגען געהט אויף די אידען און די גאַנצע מענשהייט. עס הייסט די פערזאַמלונג פון די צושטרייטע, די וויע־דער בעזיץ פון לאַנד די גאָט׳ס ערקענטנים דאס ריכטען נאָך רעכט און גערעכטיגקייט, די הערשטעלונג פון פריעדען איבער דער גאַנ־צער וועלט. דז. נג, נד.

זאָגט ישעיה הנבי : „עס וועט ארויסקומען א צווייג פון ישי׳ס שטאַם און עס וועט רוהען אוי׳ף אים דער גייסט פון גאָט; א גייסט פון חכמה און פערשטאַנד. א גייסט פון עצה און שטאַרקייט און א גייסט פון מורא פאַר גאָט, ניט נאָך דעם זעהן פון די אויגען און דעם הערען פון די אויערען וועט ער ריכטען; נור ער וועט ריכטען מיט גערעכטיגקייט די אָרימע, און וועט מיט עהרליכקייט ענטשיי־דען פאַר די געבויגענע פון לאַנד און ער וועט שלאָגען די טיראַנען פון דער ערד מיט דעם רוט פון זיין מויל, און מיט דעם הויך פון זיינע ליפּען וועט ער טויטען דעם רשע.

גערעכטיגקייט וועט זיין דער גאַרטעל פון זיינע לענדען, יושר דער גורט פון זיינע היפטען. „און עס וועט וויינען דער וואָלף מיט א שעפּס און א טיגער וועט לאַגערען מיט א ציגעלע, א קאַלב און א יוננער לייב, א געסטאַפּטעס פיה וועלען זיין צוזאַמען און א

קליינער אינגעל טרייבט זיי אָן. אַ קוה און אבער וועלען זיך פיטע־רען צוזאַמען, צוזאַמען וועלען לאַגערען זייער יונגע און דער לייב וועט אזוי ווי דער רינד פרעסען שטרוי. זיי וועלען קיין שלעכטס טהאָן און וועלען ניט פערדארבען אויף מיין גאַנצען היילינגען באַרג דען פול איז געוואָרען די ערד מיט גאָט'ס ערקענטניס ווי די וואַ־סערען וואָס באַדעקען דעם ים" ישעה יא, א.

„און עס וועט זיין צו די ענדע פון די טעג פעסט שטעהט דער באַרג פון גאָט'ס הויז, העכער פון אַנדערע בערג; און פעלקער וועט לען זיך ציהען צו אים ווי אַ שטראָם. עס וועלען געהן פיעלע פעל־קער און זאָגען : „קומט לאָמיר ארויפגעהן אויף גאָט'ס באַרג, צום טעמפעל פון יעקב'ס גאָט; ער וועט אונז לערנען פון זיינע וועגען, מיר זאָלען קענען געהן אין זיינע שטעגען; ווארום פון ציון וועט זיך פערשפרייטען די תורה און גאָט'ס וואָרט פון ירושלים און ער וועט ריכטען צווישען די גרויסע פעלקער און אויסגלייכען מעכ־טיגע נאַציאָנען, זיי וועלען זייער שווערדען צוברעכען און מאַכען שנייד מעסערס און זייערע שפיזען אויף צווייג שערען, איין נאַציאָן קענען די צווייטע וועט קיין שווערד אויפהייבען, און מעהר וועלען זיי ניט לערנען מלחמה, זיי וועלען זיצען יעדער אונטער זיין וויינ־שטאָק, יעדער אונטער זיין פייגענבוים" אין יענעם טאָג, זאָגט גאָט, וועל איך פערזאמלען די הינקענדיגע און די פערשטויסענע, און די וועמען איך האָב וועה געטאָן : די הינקענדיגע מאַך צום איבער־רעשט און די פערשלאָגענע צום מעכטיגען פאָלק. מיכה ד, א, ז. „ער מאַכט פערשווינדען דעם טויט אויף אייביג און גאָט וועט אָפּ־מעקען די טרעהרען פון יעדענס פּנים. ישעיה כה, ח.

„פינסטערניש באַדעקט די ערד און אַ וואָלקען די פעלקער; דאָך דיר וועט גאָט באַשטראַהלען און זיינע הערליכקייט וועט אי־בער דיר שיינען, און עס געהען נאַציאָנען ביי דיין ליכט און פעלקער ביי דעם שטראַל פון דיין גלאַנץ. ישעה ס. ב.

# די לײדען בעפאָר די ערלײזונג

די לעהרע װעלכע װערט אנגעגעבען אין דער גמרא פון פאר דער ערלײזונג, די בעהױפּטונג דאָס מלחמות און לײדען װעלען פאר דעם פאראױסגעהן זײנען בעגרינדעט אױף די נבואות איבער א גאט'ס געריכט װעלכע האט צום ציעל די רעליגיעזע און מאראלישע לױטע־רונג פון מענשען „דאָס לײדען זײנען די פּאָרבאָטען פון דערלײ־זונג דער אײנברוך פון פערשפּראָכענער צײט פון הײל און גליק דאָס איז געװען דער שטענדיגער טרײסט רוף צום אידעשען פאָלק װעלכע האָט איהם אױפרעכט געהאלטען אין צײט פון אונגליק".

„װען דו זעהסט ישראל װערט קלײנער און װײניגער האָף אױף די גאולה, „דען עס הײסט דעם פערפאלגען פאלק שטעהסטו בײ". שמואל ב כב כח. „װען איבער אידען קומען צרות אזױ װי א שטראָם דאן קומט נאך ציון דער דערלײזער". ישעיה נט יט־כ. „װען דו זעהסט אײן דור נאך דעם אנדערן אין גאט'ס לעסטע־רונג האָף אױף די דערלײזונג" תהלים פּט נב.

מיר געפינען אין דניאל „עס װעט קומען א צײט פון נױט און רדיפות װעלכע איז נאך ניט געװען זײט אידען זײנען א פאָלק און צו דער צײט װעט דײן פאָלק גערעטעט װערען. „דען גאָט װעט אױפריכטען זײן פאָלק און זיך ערבארמען איבער זײ װען ער װעט זעהן די מאכט איז אױסגעגאנגען, פערניכטעט דאָס בעפעס־טיגטע און גוטבעװאהנטע — און צו מײנע שונאים װלע איך בע־צאהלען", דברים לב לו. די מײסטע שילדערונגען פון דער דאָ־זיגער צײט זײנען פון די הדריאנישע רדיפות צײטן װען דאס פאָלק האָט די טרײסט צו זײן קיום אזױ נױטיג געהאט. „אין דער צײט פון בן דוד װעלען שולען און בתי מדרשי געשענדעט װערען און אין גרױעלטהאטען פערװאנדעלט, די הכמים װאנדערן פון שטאדט צו שטאדט און געפינען קײן גנאדע די חכמה פון די חכמים װערט אױסגעמיעדען. די גאָטס'פארכטיגע װערען פעראכטעט, דאס אנ־זעהן פון דור איז װי דאָס אנזעהן פון א הונד" סנהדרין א 97.

„צור צײט פון דוד װעלען די יונגע פערשעהמען די אלטע און

די אלטע וועלען אויפשטעהן פאר די יונגע די טאכטער וועט פרעך ווערען נעגען דער מוטער  און די שווינער־טאָכטער נעגען דער שווינער און דער זוהן שעמט זיך ניט פאר'ן פאָטער דאָס טייער־סטע ווערט ניט נעאכטעט דז.

די צייט פון דוד איז: „ווען די צאהל פון תלמידי חכמים ווערען וויינינער אין די אנדערע שמאכטען אין זאָרג און זיפצען, פיעלע ליידען און שווערע צרות, רעליגיאנס רדיפות פערמעהרען זיך, עס איז נאך ניט פערטריקענט די טינט פון איין גזירה קומט די אנדערע" דז. צו דעם קומט די געוואלטיגע גוג ומגוג מלחמה פון וועלכער עס ווערט אויספירליך נערעט אין יחזקאל לח און לט, דיזע נבואות האָט בא די פאלעשטיניסע און אלעקסאנדרינע אידען גע־בילדעט דעם הויפט פונקט פון זייערע גאולה האפנוננען. „נאהענט פון דער גאולה וועט אויסברעכען א פעסט אין וועלכער די שלעכ־טע און אונגלויביגע קומען אום: די בליהטען פון וויינשטאק פער־ברייטען זייער דופט, דאָס זיינען די איבערגעבליבענע פון וועלכע עס הייסט : „די איבערגעבליבענע אין ירושלים וועלען זיין היילינ צו גאָט".

„איך וועל צוריקהאלטען פון אייך דעם רעגען דריי חדשים פאר'ן שניטצייט, איך וועל געבען רעגען איבער איין שטאדט און די אנדערע ניט, איך שלאג אייך מיט פעסט און איהר קעהרט ניט צו מיר", עמוס ד. יא.

זאָגט גאָט: „זוכט מיר אויף און בלייבט לעבען", דז הה.

„אין צווייטען און דריטען יאהר פון לעצטען קריעג הערשט א גרויסער הונגער און מענער, פרויען און קינדער קומען אום,  די תורה פון די חכמים ווערט פערגעסען, אין פערטע זיאהר איז די צייט פון זעטיגונג און ניט זעטיגונג אין פינפטען יאהר שטעלט זיך איין א גרויסע שפע און די תורה קעהרט זיך צוריק צו איהרע לערנער, אין זעקסטען יאהר וועט געהערט ווערען די שופר שטי־מען אנצוזאגען די ערלייזונג.  אין זיעבענטען יאהר קומט די גוג ומגוג מלחמה און נאכדעם די ערלייזונג". רבי עליעזר וועלכער רעט איבער די ליידען פון פאר דער גאולה וויים קיין אנדער שוץ

געגען דעם אנצוגעבען יוו זיך אבגעבען מיט תורה און גמילות חסדים פון די גרויסע ליידען גערעטעט צו ווערען, סנהדרין 98. די מורא פאר די ליידען פון חבלי משיח איז געווען אזוי גרויס דאס איינער פון די אנגעזעהענסטע תנאים האבן זיך געוואונשן דאס ניט צו דערלעבען.

## אם ענדע פון די טעג

דאס אידעשע פאלק האט א גרויסע צאהל פון צוקונפטס האפ־נונגען פון די נביאים און לעהרער פון פערשיעדענע צייטען פון איהר היסטאָריע וועלכע צוזאמענגעפאסט בילדען די גרויסע רע־ליגיעזע און מאָראלע אידעאלען פון דער אידעשער אמונה; די נביאות איבער דאס גאלדענע צייטאלטער פאר אידען און די גאנ־צע מענשהייט געהט צוריק אויף דער צייט פון בעפאר מתן תורה.

„גאט זאל אויסברייטען יפת און ער זאָל וואוינען אין די געצעלטען פון שם" בראשית ט כז. „די פעלקער וועלען זיך בענ־שען מיט אברהם יבחק און יעקב" דז יב — ב—ד כד ד כח יד.

אין יעקב׳ס ברכות פאר׳ן טויט צו זיינע קינדער ווערט דער־מאָנט וועגען א פעלקער פערזאמלונג ארום א הערשער וועלכע ווערט קומען פון יהודה דז מט יג. די תורה פארזיכערט דאס צוריק־ברייננגען און באפרייען די אידען פון די גלות לענדער. דברים לג — ה. „און די וועלכע ריידען פון אמאליגער בעזיגונג פון די פעלקער איך זעה אים אבער ניט יעצט; איך ערבליק אים אבער ניט נאהענט, עס וועט ארויסטרעטען א שטערן פון יעקב און עס וועט אויפשטעהן אַ צעפטער פון ישראל און ער וועט פערוואונדען די קעפ פון מואב" במדבר כד יז מיט די הערנער שטויסט ער אלע פעלקער צוזאמען ביז די ענדען פון דער ערד, דברים לג יז.

די ערשטע נביאות צו זאגען איבער דעם איז געווען דער נביא יואל. „איך וועל געבען וואונדער צייכען אויף דעם הימעל און דער ערד די זון וועט פערוואנדעלט ווערען אין פינצטערנעס, די לבנה אין בלוט פאר׳ן גרויסען שרעקליכען טאג און עס וועט געשעהן

ווער עס רופט צו גאט וועט ענטרונען ווערען” יואל ג ד יה. „און נאָך אין דעמזעלביגען טאג טריפען די בערג מיט וויין, די היגעל מיט מילך, אלע טייכען פליססען מיט וואסער, יואל ד טו. נאך אין דעמ־זעלביגען טאָג וועל איך אויפשטעלען דאָס הויז און קעניגרייך פון דוד די געפאלענע; איהרע רואינען וועל איך אויפריכטען און אויפ־בויען ווי אין די אלטע טעג, עמוס ט יא. „און איך וועל צוריק־ברייגען די געפאנגענע פון מיין פאָלק, זיי וועלען בויען די פערוויס־טע שטעדט און זיי בעוואוינען, פלאנצען וויינגערטנער און טרינ־קען איהר וויין” עמוס ט טו.

---

איך דריק אוים מיין הערצליכסטען דאנק פאר די מיטהילף מיט ראט און טאט צו די פאלגענדע פערזאנען:

הרב יונה פריעד,
רעוו .דוד סילק,
רעוו. אפרים טיקאצקי,
פריידע רבקה סודאוו,
איטא שפירא,
צירל לעווין,
מרס. סילק,
הרבנית לאה סילווער,
שיינע דבורה שאפירא,
חנה אמסעל,
שפרא אנדרוס,
חונא געללער,
חוה גאלדשטיין,
שיינע דזשייקאבס,
איטע גרינבערג
גאלדע דבורה האמאוויטש,
בת שבע הירש,
מרס. ווייז,
חיה ריסע דולוף,
בתיה וויינשטיין.